Goldfaden, Abraham.
Kabtsnzohn et Hungerman: melodrama in 4 akten.
Varsha, 1905.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1874.1

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Kabtsnzohn et Hungerman: melodrama in 4 akten.
Varsha: Y. Lidski, 1905.
46 p.; 24 cm.
Goldfadens theater magazin.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland-Warsaw

ID: NXYH00-B3019 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106061

Reduction ratio X 10.0

גאלדפאדענס טהעאטער מאגאזין.

# קבצנזאהן עט הונגערמאן

מעלאָדראַמטאַ אין 4 אַקטען אונ אין 5 בילדער

פערפאסט פאן

## אברהם גאלדפאדען

(דיא מוזיק, דיא קאָסטיומען און דיא דעקאָראַציאָנען צוא דער פיעסע זענען צוזאמענגעשטעלט פון דעם פערפאססער).




פערלאג י. לידסקי בוכהענדלער, ווארשא נאלעווקי 32.

ווארשא. תרס"ה.

דרוק ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 38.

Еврейскій театръ Гольдфадена.

# КАЩЕНСОНЪ и УНГЕРМАНЪ

Сочиненіе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.
Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38

# קבצנזאהן עט הונגערמאן

מעלאדראממא אין 4 אקטען אונ אין 5 בילדער

פערפאסט פאן

## אברהם גאלדפאדען

(דיא מוזיק, דיא קאסטיומען און דיא דעקאראציאנען צוא דער פיעסע זעננען צוזאמענגעשטעלט פון דעם פערפאססער).

---

פערלאג י. לידסקי בוכהענדלער, ווארשא נאלעווקי 32.

ווארשא. תרס"ח.

דרוקי ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 38.

Еврейскій театръ Гольдфадена.

КАЦЦЕНСОНЪ и УНГЕРМАНЪ

Сочиненіе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38.



נאכדרוק און צו שפּיעלען אויף דער ביהנע אהנע ערלויבניס פון דעם מחבר איז פערבאטען.

א. גאלדפאדען

---

## ПЕРЕДОСТОРОЖЕНІЕ

Объ отвѣтственности по русскому, уголовному законѵ за перепечатаніе и представленіе пьесъ на сценѣ безъ согласія автора, опредѣленной въ § § 1683 и 1684 ст. уложен. о наказан.

Авторъ А. ГОЛЬДФАДЕНЪ

---



Дозволено Цензурою
Варшава, 9 Ноября 1904 г.

## בילדער

1 אקט 1 בילד זיא קאפריזעט זיך

2 אקט 2 בילד א סצענע אויף דעם אדעססער בולוואר.

3 אקט 3 בילד דער ערשטער טהייל פונם ראמאן.

4 אקט 4 בילד דער צווייטער טהייל פונם ראמאן.

„ „ 5 בילד א שרעקליכער צופאל אויף דעם הייליגען ארט.

## פערזאהנען!

ר' יצחק איין אלטער מאן פון א יאהר 60

חנה זיין טאכטער איין אלטע מויד פון א יאהר 28

שלמה חנה'ס א געשעפטסטער קינד א יונגער מאן פון א יאהר 28

מיט א קייליכדיג שווארץ בערדיל — סאליד געקליידעט

קבצנזאהן } צוויא וויליקעס קארטענשפילערס אפגעריססענע

הונגערמאן } אין דריטטען אקט קבצנזאהן שעהן געקליידעט

איין אלטער בייכער מאן אויף דעם בולוואר

מאריצא } צוויא נעשער מיידלעך

מארגאשע }

דער גרעבער — יידען — בטלנים — קינדער —



# ערשטער אקט

(שטעלט פאר ר׳ יצחק׳ס צימער — איינפאך מעבלירט)

**יצחק** אי–אי–אי איך ווייס ניט בנאמנות. וויא האלטין עס אוים דיא טאטעס וואס האבין עטליכע ערוואקסענע טעכטער? אט האב איך נאר איין טאכטער – אבת יהודה ביז הונדערט און צוואנציג יאהר. בין איך שוין גראה און אלט גווארין דורך איהר. וואלט זיא ניט געוועזין קיין איינציגע ביא מיר. אבער וואלט איהר מוטער ניט געוועהן אפ געשטארבין אזוי פריה! וואלט איך איהר אזוי ניט נאך נאכגעגעבין? גיב איר ניט נאך. ווייגט זיא און שעלט זיך. און איך קען דאס ניט צו זעהן — איך בין דאך אצערטליכער פאטער. גיב איהר יא נאך איז נאך ערגער פארפיהרט זיא אזעלכע מעשים וואס איך פארשטעה זיא נאר ניט = אט האט זיא זיך שוין אלאנגע צייט אריינגענומען אין קאפ, אז אנדערש קען זיא קיין כלה ניט ווערין נאר אויף אזא־נארט וויא אין דיא ביכער שטעהט. נאר עפים אליעבע מוז זיא פריער שפיעלען...: איך ווייס וואס דאס איז פאר אשפיעל? מיין טאטע, מיין באבע מיינע אבות אבותינו האבין פון דער שפיעל ניט גיוויסט –. איך פלעג איהר אבער ניט אין מאהל זאגין: תנהלע! ווער ווייסט צו וואס דיא ביכלעך וועלין דיך ברענגען!.. האט זיא זיך אבער איין מאהל אריינגענומען אין קאפ. און איך קען עס איהר פון דעם קאפ ניט ארוים שלאגען. סאי מיט גיטין סאי מיט בייזען –, דיא פיינסטע יונגע לייט האט מען איר איבער גערעט. און זיא האלט זיך איינם: ניין און ניין! וואס דען ווילסטו? האט זיא עפים משונהנע תנאים. ערשטינס וויל זיא אז דער חתן איהרע זאל קענען רעדין דייטש. אבער גוט דייטש. צווייטינס מוז דער חתן הייסען פראנץ –. דריטענס מוז ער קענען מיט איהר שפיעלען אליבע. און פירטינס



מוז ער האבין שיינע שווארצע וואנצעלעך.. און נאך עפעס אזעלכע משונהנע תנאים!.. היינט גיה זיך איהר אפ אזא נפש מיט דיא אלע גילדענע מעלות? – איך ווייס ניט וויא זיא אליין איז שוין ניט מיד זיכענדיג? ווען איך האב גיוואלט מיט איהר אשידוך טוען איז זיא אלט געוועזין אכטצעהן נייגצעהן יאר. פון דאמאלס זענען שוין צעהן יאר אוועק און זיא האלט זיך אין איין עקשנין. זיא האט שוין איהר שיינקייט אנגעווארין. זיא איז שוין אלט גיווארין. זיא האט מיך שוין גראה אין אלט גימאכט און גאט ווייסט וואס דער סוף וועט זיין אוי – אוי – אוי –.

**שלמה** וואס מאכסטו גוטס יצחק! –

**יצחק** קוק אן שלמה? פון וואנען ביסטו עס אויסגיוואקסין? אזא איז אטייערער גאסט! (זייא צו קושין זיך)

**שלמה** פון וואנען? וועל איך דיר שוין שפעטער דערצעהלען דוא זאג מיר וואס הערט זיך ביא דיר. וואס מאכט דיין פאמיליע וואס מאכט דיין ווייב פעסעלע. וואס מאכט תנהלע איז זיא נאך אזוי שעהן וויא זיא איז גיוועזין? זיא געהער שוין אודאי זיין אמאמע פון קינדערלעך?...

**יצחק** פרעג ניט עס איז מיר ביטער. – מיילא פון מיין פעסעלען איז שוין לאנג ניטא צו ריידין עליה השלום. איך האב בעסער צרות פון דער לעבעדיקער לעבין זאל זיא!

**שלמה** וואס איז? וואס איז פאר אנייעס?

**יצחק** שטעל דיר פאר איין תנהלה איז...

**שלמה** איז וואס?

**יצחק** איז וואס? וואס חאפסטו? שרעק דיך ניט! – מיין תנהלע זיצט נאך אמיידעל און האט נאך ניט חתונה געהאט! – אדרבא טאמער קריגער וואס ניט מען זיך פאר אעצה?

**שלמה** איך וועל דיר זאגין אפשר האט זיא רעכט – גיוויס דארפסטו זיא ניט. אפשר געפעלט איהר ניט קיינער מוזטו ווארטען – גלייב מיר איהר באשערטער וועט קומען אין שטוב אריין –

**יצחק** דיא באשערטע האבין שוין אויך אויפגיהערט צו קומען פארגעס ניט אז זיא איז שוין קרוב ביא דיא שלשים... וועסט זיא גאר ניט דערקענען!

וויא איז שוין איהר שיינקייט וויא האט מיך שוין גראה אונ אלט
גימאכט – אונ חתונה האבין אלץ ניט! –

שלמה דאס זאל דיר זיין דיא לעצטע דאגה, פארקערט מיך פרייט עס וואס זיא
האט נאך ניט חתונה גיהאט – דיא געדענקסט אז מיר וועלען אין
שכינות געוועסען? האסטו אונ אפשר זיא אליין ניט אזוי פיל געוויסט,
וויא איך האב זיא ליעב גיהאט, נאר עס האט זיך אלץ ניט געמאכט,
איך זאל פאר איהר חתונה האבין. מיינע געשעפטען האבין מיך
אוועק גירופין נאך אויסלאנד אונ האב דארטען חתונה גיהאט, דיא
פרויא איז מיר אפגעשטארבען. קיין קינדער האב איך ניט, פארמעגליך
בין איך, מיין חאראקטער קענסטו אויך – נא?–

יצחק וואס נא?

שלמה נא! מען דארף דיר אפשר אריין לייגין אפינגער אין מויל? פארשטייסט
ניט וואס איך מיין?

יצחק וואס מיינסטו?

שלמה פעלט איך וויא ער מאכט זיך תמימותי? איך ווייס אפשר ווילסטו ניט
האב איך ניט וואס צו ריידין!...

יצחק איך וויל ניט? סיהייסט איך דארף נאך האבען אבעסער גליק? אויף מיר
קענסטו קלערין אז איך זאל ניט וועלין.

שלמה וואס דען מיינסטו זיא וועט ניט וועלין? ע דאס זאל דיר זיין דיא לעצטע
דאגה. איך וועל שוין וויסען וויא זיא צו נעמען!

יצחק דאס שלאג דיר ארויס פון קאפ. מאך זיך ניט פאר אנא בריה, יענע
פארערט אוועלכע זאכען וואס...

שלמה לאמיך הערין נא וואס וואס?

יצחק ערשטינס וויל זיא דער חתן זאל קענען ביין דייטש! אבער גוט דייטש!

שלמה נא דאס איז אקלייניקייט – ווייטער!

יצחק צווייטינס מוז זיא פריער מיט איהם אליבע שפיעלען

שלמה הערסטו דאס איז דאך אוודאי גוט! –

יצחק קוק אן! קוק אן! וויא האסטו זיך אויס גילערינט דיא מלאכה?
דריטינס וויל זיא אז איהר חתן זאל נאר הייסען פראנץ!

שלמה הא?



יצחק הא?! אונ פירטינס מוז ער האבין שעהנע שווארצע וואנצילעך אונ דוא
האסט נאר אזא בארד!...

שלמה וואס רעדסטו? איך פערשטעה דיך ניט?

יצחק הערסטו דאס איז דאך דיא מכה וואס איך פערשטעה דאס אויך ניט. –
איך פערשטעה נאר אזוי פיל אז דאס איז אקול פון דיא וויכטע
ביכלעך אונ דורך דייא איז אזוי אומגליקליך.

שלמה דיל קיין קאפ ניט! – דאס וועסטו מיר ניט איינריידין ביכער פייגען אוים
דעם מענטשען; דאס וואהר געבילדעטע פריילין וועט פון אזעלכע
פיסטע זאכען ניט ריידין – דא פערשטעה איך מוז עפעס אנדערש
זיין דוא האסט זיא וואהרשיינליך שלעכט ערצויגין. זיא האט נאר
גיקערט עפעס נאשין פון דיא ביכער אונ עס דאכט זיך איהר אז זיא
איז געבילדעט. נאר דאס איז אקלייניקייט איך וועל שוין וויסען וויא
זיך מיט איהר צו פיהרען. דוא ווייז זיא מיר נאר! =

יצחק הלוואי! – אז דו נעמסט זיך אונטער לאז דיר גאטט העלפען. איך טראכט
אז סיוועט צו געהן שווערליך. נאר איין זאך גיב איך מיט דיר
אויס: דוא ווייסט דאך אז זיא איז בייא מיר איין אויג אין קאפ,
זאלסט זיא ניט חלילה דערגיגענען, וואס אארט דיך!. גיב איהר נאך
וואס זיא וויל. אנדערש וועסטו מיט איהר ניט אויסקומען. ווייל איין
עקשן איז זיא קיין קלייניגקייט. נאר ווארט דוא האסט נאך צייט
ביסט דאך ערשט פון וועג, קום רוה דיך אויס. לאמיר עפעס צו
בייסען. איך ווייס אפשר האט דיך דער אייבערשטער צו גישיקט וויא
אמלאך. איך וואלט אוודאי צו פרידין גיוועהן (ביידע אב)

(חנהלע קומט אן ליינעדיג אונ פערטיעפט אין אביכעל וואס זיא
האלט אין דיא הענד).

חנהלע לאנגע, לאנגע שטאנדין זיא אין טיעף שוויינגען פערזונקען. איינער
אנאונטער בראכענע מאיזעשטילע הערשטע אים צימער. מיט פייערינע
בליקען שויעטע זיא פראנץ אן, אונד זיין הערץ פאכטע פיעבעריש..
(זיא רעדט צו זיך) גרויסארטיג! סיהייסט דאס הערץ האט איהם גיקלאפט.
(זיא ליינט ווייטער) ענדליך ווענדעט ער זיך צו קאראלינא דיא הענדע פאלטענד אונד
שפראך. אה דוא מיין ענגעל מיט וועליכעם צויבער האסטו מיך

אמשטריקט! – דיינע אויגן שיינען מיר וויא דער מארגן זא העל! – דיינע נאזע אה דיינע נאזע, איז דיא נאזע אלער נאז!

(דא רעד צו זיך) גרויסארטיג! וויא דערלעב איך שוין קען זאל מיר דאס זאגען ווייטער.

(ויא לייגט ווייטער) דיין געטליכעס בילד זעהע איך אום טרויטע! – נור איין ווארט מיינע טייערע, אונ דוא בעגליקסט מיין דא זיין. ביא דיזען ווארטען ווארף זיך פראנץ צו איהרען פיסען, אונ וויינטע. נור דיזעס ווארט איך ליעבע דיך זאנסט שטערב איך.

(ויא רעד צו זיך) כ'איז נאר אפערגיניגען וויא מען איז אזוי פערליבט אי בענעדייע איך דיך קאראלינא! ווייטער!

(דא לייגט ווייטער) טיעף בעוועגט פון דען זיפצען איהרעס פיעל געליבטען פראנץ רייכטע איהם קאראלינא איהר אלאבאסטער – ווייסעס הענדכען אונ זאנג:

איך וויים ניכט וואס מיר פעהלט
איך שטארב פאר אונגידולד
וואס מיך אמהערצין קוועלעט
דראן איז דיא ליעבע שולד
א יא – א יא – דיא ליעבע
זיא האט מיך אמגעבראכט
זיא האט מיך אריטעס מעדכין
אום קראנקען בעט גיבראכט
דיא ראזען גיעדערבליהען
דיא בלעטער פאללען אב
נואגן דא מיך ניכט ערווארטעט
ערווארטעט מיך דאס גראב..
א יא א יא..

(דא רעד צו זיך) שעהן, שעהן! – וואס דען? ס'איז דען ניט אמת? ווייטער!

(דא לייגט ווייטער) קוים האטע קאראלינע דאס ליעד גיענדיגט דא פיעל זיא פראנצען



אים דען האלדז דיא אמארעמטען זיך צערטליך, אונד קוים וואלטע פראנץ איינען קוס אויף איהרען וואנגען דריקען אלס אה וועה וועלכע איבערראשונג, דא עפענטע זיך פלעצליך דיא טיהער דעם ציממערס אונ קאראלינעס פאטער טראט דאש היגען איין ערשראקען אונ באשעמט פארשטעקט זיך פראנץ אין דעם ווינקעל דעם ציממערס קאראלינא טאהט דאס זעלבע אויף דער ענטגעגענגעזעצטען זייטע, ערביטערט איבער דעם ליבהאבער זיינער טאכטער, טראט דער אלטער מיט שטרענגען שריטען אויף איהם צו! – וואס? היער אין מיינעם הויזע וואגסט דוא זעלכעס צו באגעהן? דוא נידערטרעכטיגער! ווער האט דיר דאס ערלויבט? פארט, אום אוינגענבליק זאנסט הויע איך דיך ניעדער אויף ארט אונ שטעלע! –

(דא רעד צו זיך) שארע ווירקליך, דאס איז אשלעכטער טאטע! נאר בעשיינפערלעך דארף אזוי צו זיין.

(לייגט ווייטער) מיט געבייזלטעס פויסטע יאגטע איהם דער אלטער פארט. דאן ווענדעט ער זיך צו קאראלינא, אונ דוא אונ דוא מיינע טאכטער! שעהמסט דוא דיך ניט? צו זעלכעס צוועקע האבע איך דיך ערצויגן? אום מיט זעלכעס וואגאבונדען ליעבעס פערהאלטניסע צו האבען? קאראלינא וויינטע..

(צו זיך) נעביך.

(לייגט ווייטער) אין מיינעם הויזע זעלכען סקאנדאל צו טרייבין, אונ דאס גראע האר דיינעס פאטערס צו בעשעהמען? ניין ביזט ניכט מעהר מיינע טאכטער = קאראלינא – פאטער! – ניין קיין מיטלייד, פאטער! פארט!

(ויא רעד צו זיך) זעהט איהר מיין טאטע וואלט ניט גיוואגט מיר אזעלכעס צו זאגן, גאר עס וואלט מיך שוין ניט גיארט ווען איך זאל שוין האלטין דער ביי א דער סוף איז שעהן –

(לייגט ווייטער) איינע שעהנע זאמער נאכט! דיא נאטור שליעף אין זאנפטען שלומער אונטער דער בלויען מיט בריליאנטען געשטיקטען דעקע.

(צו זיך) א דאס מיינט מען דעם הימטעל!

(לייגט ווייטער) דער העלע מאנד. –

(צו זיך) הא – דאס מיינט מען דיא לבנה!

(לייזע ווייטער) פערשטעקטע זיך בלאסעם גערוכט אונטער דעם שטארקען וואלקען
שלאף לאז וועלטצטע זיך קאראלינע אויף איהר ווייכעם לאגער.
טיעפע זיפצער ענטשפרונגען איהרער ברוסט – פלעצליך הילט זיא
איינע זאנפטע. זיסע שטימע שיען איהר דרויסן אונטער איהרעם
פענצטער צו פערנעהמען. קאראלינע! קאראלינע! דיין פראנץ
ערווארטעט דיך היער! אה עפנע שנעל דאס פענסטער מיר. איך
מוז פליהען שנעל מיט דיר קאראלינע! טיעף בעוועגט פון דען
מעלאדישען טעהנען. דיזער סערענאדא ליעף ראש קאראלינע צום
פענסטער עפענטע עס שנעל אונ מיט דעם צארטעכען הענדכען צום
מונדע צייגטע זיא איהם איין צייכען דער ליבע. פראנץ ערשיען אם
פענסטער אומוואנד איהרען קערפער מיט ביידען הענדכען אונ
פערשוואנדען ביידע!

(צו זיך) גליקליכע קאראלינע. איך בענעדייע דיך נא? נא? פרעג איך איך? איך
ניט אפערגינינגען אזוי צו הייראטען? וואס דען? וויא מיין פאטער
קוועהלט מיך אונ מוטשעט מיך איך זאל גלאט אזוי חתונה האבען.
כהייסט אזוי טריקען, געגעהן, גערעדט, פארגעשטעלט אונ פארטיג! –
שטעלט מיר אנידער אדראנג אונ גיה האב חתונה פאר איהם – איך
זאל מיך אונזשעניערען מיט איהם אויף דער גאס ארויס צו געהן פי
בלאמבירען זיך פאר דער וועלט וויל איך ניט, איך וועל ניט! –

**יצחק** (קומט אריין) אוי אוי איינזשנורען, בלאמבירען, הלוואי וואלטען פריער
געבלאמבירט געווארין אט דיא אלע. וואס האבען גאר אויסגעטראכט
דיא וויסטע ביכלעך, זייא זאלען אומגליקליך מאכען קינדער. ווען זיא
וואלט אפשר ניט געוויסט פון דיא ביכלעך, וואלט זיא שוין לאנג
געוועזען לייטען גלייך. אונ אפשר ווייסט זיא אליין ניט וואס אין דיא
ביכלעך שטעהט – אבי עס איז באשערט מיר אין זיך צו פארטערין
דאס לעבען.

**חנהלע** וואס? ווידער רייצטו מיך! איך וועל דיך פארט ניט פאלגן ניבער
וועסטו מיך באגראבען נא נא (זיא שלאגט זיך מיט דיא הענד אין קאפ)

**יצחק** הער שוין אויף טאכטער איך מיין עס אין שפאס מען טאר מיט דיר גאר
קיין קאטאוועס ניט טרייבען? נא נא הער זיך שוין אויף זיסע טאכטער



צו ערגערין דוא ווייסט דאך אז דוא נעמסט מיר שוים מיינע כוחות
מיט דיין וויינען! –

**חנהלע** וועסטו שוין אבער מעהר ניט?

**יצחק** ניין, טאכטער מיינע, איך וועל שוין מעהר ניט, שוין שוין! –

**חנהלע** נא, וואסזשע ווילסטו? –

**יצחק** גאר ניט טאכטער מיינע!

**חנהלע** וואסזשע דען זיצטו דא?

**יצחק** טאכטער! זיסע טאכטער! איך וויל אמאהל ריידען מיט דיר איין ערנסטע
זאך – טאכטער! איך בעט דיך, זאגסטו מיר צו אז דוא וועסט מיר
ענטפערן?

**חנהלע** אבי ניט קיין דומהייטען! –

**יצחק** זאג מיר טאכטער: האסט ליעב דיין טאטען?

**חנהלע** (מיט קאפריז) יוא! –

**יצחק** שטארק ליעב?

**חנהלע** שטארק! –

**יצחק** נא טהוזשע מיר צו ליעב איין זאך. נאר דאס מאהל טהו מיר צו ליעב
איך גיב דיר מיין ווארט אז מעהר וועל איך דיר ניט זאגן קיין בעה
זאגסטו מיר צו?

**חנהלע** יוא נא וואס איז?

**יצחק** הער אויס טאכטער: דא איז ניט לאנג גיקומען צו פאהרען איינער פון
מיינע אמאהליגע גוטע בעסטע פריינד. וואס איך בין מיט זיין
פאטער נאך געוועהן בשותפות אין האנדעל. אויך דוא האסט איהם
ניט פערגעסין דארפסטו איהם אויך קענען, ער פלעג זיך מיט דיר
קליינערהייט אנשטערהאלטען אונ ער האט דיך נאך דערנאכמאהל ליעב
געהאט – אפיינער יונגער מאן, אונ ניט קיין נאר, ער וועט דא באלד
זיין, בעט איך דיך טאכטער נעם איהם אויף וויא עס דארף צו זיין.
רעד מיט איהם וויא אמענטש! אפשר וועט דער אייבערשטער העלפען
ער וועט האבען בייא דיר חן אונ דאס וועט זיין דיין זיווג? –

**חנהלע** (קרימט זיך) זיווג! זיווג! פי דיא יודישע שפראך זיווג –

**יצחק** נא ניין, ניין טאכטער – חלעבין אפיינער מאן אונ איז רייך.

**חנהלע** ווידער רעדסטו מיר פון געלד ? —

**יצחק** נא ניין ער האט ניט קיין געלד ! זיסע טאכטער וועסטו מיר צו ליב טאָן ?

**חנהלע** מיר וועלין זעהן.

**יצחק** (ארויסגייענדיג) אוי אוי אפיל הארץ מיט מכות (אב).

**חנהלע** אך דיא יודען דיא יודען ! גאר ווויט — געלד — ניין פאטער ! איך ווינש גאר ליעבע ראמאן — אה בענעדייע איך דיך קאראלינא ! וויא גליקליך זיא ביסט. וועלבסט דער נאמען וויא שעהן ער קלינגט קאראלינע = וואס רעדן ? וויא מיין דומער פאטער האט מיך גענענט מיט דעם יודישען נאמען ח־נ־ה־ל־ע פי שמאטציק, אבשיידליך : פאן נון אן היים איך קאראלינע אונד מיין ברייטיגאם מוז פכאנץ הייסען ! —

**שלמה** (קומט אריין) חנהלע ! — וועה איז מיר אט דאס איז דיא שעהנע חנהלע ? וויא אמענטש בייט זיך איבער אין אזא קורצער צייט — וואס פון איהר איז געווארין ? חנהלע ! אדאס איז דיא חנהלע ?

**חנהלע** פארדאן ! מיט פראספעקט צו מעלדען, איך היים ניכט זאה איך היים קאראלינע.

**שלמה** אז אך אונ וועה איז מיר, אפילו פארנארעשט איז זיא אויך געווארין שמאטש־וואס רעדסטו ?

**חנהלע** אונ וויא הייסין זיא ?

**שלמה** וויא איך היים ? גידענקסט מיך גאר ניט, האסט גאר פערגעסין ? אז מיר האבין געוואוינט אין שכינות. נאך אז דיא מאמע האט גילעבט אי אי האסט זיך גאר אין גאנצען איבער גיבעטין, וועה אפילו דעם זינען האט זיא אויך פערלוירען.

**חנהלע** איך וויים, איך וויים ! גלויבען זיא ניכט דאס איך אימער איין קינד בין ! איך פראגע זיא וויא הייסען זיא ?

**שלמה** האסט פארגעסין שלמה, שלמה וואס פלעגט דיר שטענדיג קאנפעקטין ברענגין.

**חנהלע** הערין זיא ! שפייזע אויף דער זייטע. ווינטשען זיא מיין ברייטיגאם צו זיין מוסען זיא איהר נאמען וועקסלען :

**שלמה** (אפארט) וויא נאך אגיפערליכער קרענק (צו איהר) נא נא לאז שוין אזוי (אפארט) דער פאטער האט דאך מיר גיבעטין איך זאל איהר אלקריגן



נאך געבען. —

**חנהלע** אלזויא פון נון אן הייסען זיא פראנץ —

**שלמה** פראנץ ? נא לאז זיין פראנץ.

**חנהלע** יעצט לאמיר זעהן וויא דא שטעהט. (זיא ליינט) לאנגע לאנגע שטאנדען זיא אין טיעפעם שווייגין פערזונקען = איינע אנאנטערבראכענע מויזענשטילע הערשטע אים צימער — מיט פייערינעם בליקע שויטע זיא פראנץ אן אונ דיין הערץ פאכטע פיבעריש. (זיא טאפט אים ביים הערץ) :

**שלמה** וואס טאפט זיא מיך ביים דפק ? —

**חנהלע** (ליינט ווייטער) ענדליך ווענדעט ער זיך צו קאראלינע דיא הענדע פאלטענד אונ שפראך אה דוא מיין ענגעל ! נא זאגט מיר נאך אז איהר קענט ניט אליין. (זיא לייגט איהם צונויף ביידע הענד).

**שלמה** מודה אני לפניך איך וועל טוען וואס דער טאטע הייסט וואס דיא מאמע הייסט וואס אלע פרומע לייט הייסין מיר צו טוען אברכה הצלחה זאל קומען אויף מיין קעפעלע אמן סלה !

**חנהלע** איהר קאנט ניט ? — זאגטזשע מיר נאך אז איר קענט גיט אה דוא מיין ענגעל !

**שלמה** אה דוא מיין איינקיל !

**חנהלע** מיט וועלכען צויבער האסטו מיך אמשטריקט ! —

**שלמה** מיט וועלכין ציבער שלעפט מען דעם שטריק !

**חנהלע** דיינע אויגין שיינען וויא דער מארגין זוי העל !

**שלמה** גוט מארגין געללע ! —

**חנהלע** דיינע נאזע אה דיינע נאזע איז דיא נאזע אלער נאזן ! —

**שלמה** אלדעס ביין !

**חנהלע** דיין געטליכעס בילד זעהע איך אום טרוימע ! —

**שלמה** אלדע בייזע חלומות אויף מיינע שונאימס קעפ ! —

**חנהלע** נור איין ווארט מיינע טייערע, אונ דוא בעגליקסט מין דא זייט.

**שלמה** איך בין נאר פון אייזין אז איך האלט עס אים ! —

**חנהלע** בייא דיזען ווארטין ווארפט זיך פראנץ צו איהרען פיסען אונ [illegible] (זיא טהוט איהם אשלעפ ער זאל פאלען אויף דיא קניע).

**שלמה** וואס וויל זיא מיט מיינע פיס!

**חנהלע** נור דאס איינע ווארט: איך ליעבע דיך!

**שלמה** ליעב, ליעב!

**חנהלע** זאנסט שטערבע איך!

**שלמה** אה דער איבערשטער זאל היטען! —

**חנה'לע** ניין זאגט, זאגט זאנסט שטערב איך —

**שלמה** נא נא גלייך וויא געשטארבען!

**חנהלע** ווייס איך געהט איהר טויגט ניט. איר קענט ניט עס איז נאך דא פיעל. מען דארף נאך זינגען, מען דארף זיך נאך צו קישען.

**שלמה** נא ארדבה!

**חנהלע** דער נאך דארף נאך דער טאטע אן קומען אונ ארויס טרייבען דער נאך דארף מען נאך ארויס גנבענען דורך דעם פענסטער! איהר קענט ניט.

**שלמה** אזוי? ! קענסט גאר ניט אנדערש פערדייען חתונה צו האבין. גאר מען מוז דיך ארויס גנבענען דורך דעם פענסטער! אוי חנהלע חנהלע.

**חנהלע** נא! נא! קאראלינע!

**שלמה** אזוי? אנדערש קענסטו ניט פארטראגין. דיא ברכות זאל איך האבין וויא פיין דוא ביזט גיוועזען אז דוא האסט גיהייסען חנהלע, אונ זייט דוא האסט דיר אנאמען גינעבין קאראלינע האסטו טאקי אפנים וויא אקאטערינקע. הער נאר אוים חנהלע וואס טוינען דיר דיא פיסטע זאכען! איך שטעה אונ זעה דא צו וויא דוא מאכסט דיך משוגע — אה! איך האב עם גאר ניט ערוואַרטעט פון דיר. איך האב גימיינט אז וואס מען ווערט עלטער ווערט מען קליגער. איך מעג דיר זאגין דעם אמת ווייל איך בין דיר אונ דיין טאטין איין אמת גוטער פריינד. פאלג מיך אונ שלאג דיר ארויס דיא פיסטע זאכען פון קאפ. וואס טוינען דיר דיא פיסטע זאכען ראמאן, טאמאן, ענגעל, שמענגעל. דוא האב בעסער חתונה אונ נעם אמאן וויא עס דארף צו זיין וואס מאכסטו משוגע דיך אונ יענעם, וואס האסטו ניט קיין רחמנות אויף דיין טאטען, קוק איהם אן וויא ער איז נעבעך גראה אונ אלט גיווארין דורך דיר, קוק זיך אליין אהן וויא דוא מאכסט פון זיך א תל, נעשלעפערט גיווארין עם איז שוין גאר ניט דאס?



**חנהלע** אי אי אי (זיא שלאגט זיך אין קאפ) פאטער! פאטער!

**יצחק** (לויפט אריין) וואס איז דארטין וואס איז?

**שלמה** קוק נאר אן! פאטער! אי אי איך וואלט זיא גילערינט!

**יצחק** אפינסטערער חלום אויף דיין קאפ וואס האסטו מיר אן גימאכט פאר אצרה? אט אויף דעם האב איך דיך גירופין (צו איהר) נא שא שא טאכטער! איך וועל שוין מעהר ניט איך וועל איהם ארוים טרייבען!

**שלמה** קוק אים אן דעם אלטען שוטה ווי ער גיט איהר נאך אז אך אונ וועה איז דיר וויא דוא ערציהסט קינדער. גיב איהר נאך גיב איהר נאך, וועסט זעהן שפעטער וואס פאר א סוף איהר וועט ביידע האבין!...

(חנה'לע האלט זיך דיא גאנצע צייט אין איין ווארפין)

פארהאנג פאלט!

# צווייטער אקט

שטעלט פאר אבולווער פארטאג קבצנזאהן ליגט אויף אבאנק אונ שלאפט הייבט זיך אויף אונ ציהט זיך אויט.....

**קבצנזאהן** אה! עם איז נאר וואס טאג גיווארין אונ איך קען נאך ניט שלאפין, דא אין גארטין איז קיהל, די באנק קוועטשט מיר אוים מיינע ביינער. אה עם איז ביטער. אכלל ס'איז שלעכט — שוין דרייא נעכט אז איך וואלגער מיך אזוי. וואס זאל איך טוען? אזוי איז מיין טבע. דערטאג איך נאר עטליכע קאפיקים ווערין באלד אויסגיוואקסין א חברה. איך פארשיכור עם. דאס איבריגע פערשפיעל איך אין קארטין אונ ווער אפיינער לייט — נאר דאס אַארט מיך שוין ניט אזוי. דער מאגען, אט דער וויסטער מאגין, ער וויל זיינם ניט שענקין. הינגעריג בין איך אזוי וויא אהונד. אונ עסען מוז מען. נייל דאס איז וויכטיגער פון אלסדינג. ווארין אז איך וועל ניט עסין וועל איך קיין כח ניט האבען צוא הונגערין. אונ ארום צו געהן נאקיט אונ בארוויס! (פויזע) איך זאל דא

די־שאפין עפיס אמענטשעלע אדער מיט גישט אדער מיט פייזען אמטבע וואלט איך שוין באקומען (ער קוקט זיך אים) הא: גלייך ווי איך האב ארוים גירעדט אין אנא שעה אייטיצער געדט לאמיך מיך באהאלטען. (ער באהאלט זיך אונטער אבוים).

**הונגערמאן** הונגעריג, נאקיט אונ שלעפעריג! (גיין וואס זאג איך, נאקיט שלעפעריג אונ הונגעריג! — גיין וואס זאג איך: שלעפעריג, נאקיט אונ הונגעריג! איך פערשטעה ניט? וואס איך שפאר מיך דא אזוי אט אפנים ווי אזוי איך וועל וועלין לייענען דעם פסוק איז דען מיר ניט אלעם איינס? דאס איז דרייא פערשידענע מלאכי חבלה, וואס מאטערין מיר דיא קישקעס לעבעדיגער הייט. דער קיצעלט מיר אין מאגען, דער בייסט מיר אוים דיא קליידער אונ מאכט מיר אן אצונג לופט איבער דעם גאנצען לייב, אונ דער דרעהט מיר אונ רוישט מיר אין קאפ — אמעהר איך האב גאר פארגעסין דיא דאמע פיק האט מיר אזוי גיפיקט דיא גאנצע נאכט אין קאפ אז איך האב אזש פארגעסין אין דעם הער „מאגען" אה אז ער הייבט מיך אן צו מאגענען קען איך טאקי פאלען צו דער ערד. עס איז קיין תכלית, מען מוז זעהן עפעס צו קלערין (ער קוקט זיך אים אונ דער זעהט קבצנזאהן) הא? אט געהט דארט עפים א מענטשיל ער ווייזט אוים אביסיל קוטינגליך נאר דיא לייט פארשטעלען זיך א מאהל איך מוז זיך מיט איהם באקענען.

(אין דער זעלבער צייט ווען הונגערמאן רעד — רעד קאבצענזאהן אזוי)

**קבצנזאהן** דיא מענטשעליך פארשטעלין זיך צוא צייטען, זייא זענען ניט אזויא ארים ווי זייא ווייזען אוים, איך מוז מיך מיט איהם באקענען מאמער וועל איך בייא איהם אויסמאנטען עטליכע קאפיקעס.

זייא שלאגען זיך ביידע אן

**הונגערמאן** גוט מארגין ווינשע!

**קאבצענזאהן** גוט מארגין ווינשע!

**הונגערמאן** מיט וועהם האבע איך דיא עהרע?

**קאבצענזאהן** מיט וועהם האבע איך דאס פערגניגען —

**הונגערמאן** ...הער הונגערמאן דעם גיוועזענעם באנקירס הונגערמאנס א זוהן אונד זיא?



**קאבצענזאהן** אונ איך בין הער קאבצענזאהן דעם גיוועזענעם באנקירס קאבצענזאהנס א זוהן!

**הונגערמאן** ליידער האב איך אמאלעהר גיהאט, דיא גאנצע נאכט אין קארטין גישפילט אין מיין גאנצעס קאפיטאל פערלוזט.

**קאבצענזאהן** דאס זעלבע מאלעהר האב איך ליידער אויך גיהאבט!

**הונגערמאן** קענט איהר מיר ניט עטוואס אוים בארגין,

**קאבצענזאהן** פון מיין מויל ארוים גינומען איך האב עס אייך גאר וואס גיוואלט זאגען.

**הונגערמאן** הייסט עס האט איהר גאר ניט?

**קאבצענזאהן** נאך מעהר ווייא גיטראפין! —

**הונגערמאן** זענט איהר פשוט א קבצן?

**קאבצענזאהן** נאך אריבער ווייא גיטראפין.

**הונגערמאן** זענען מיר דאך ביידע אויף איין קרענק.

**קאבצענזאהן** נאך וואס פאר אקרענק? אז ס'ציהט מיך אזש צוא דער ערד.

**הונגערמאן** אויב אזוי לאמירזשע ביידין פראסט יודיש. שלום עליכם גוטער ברידער. ביזטו דאך מיין מענש. (זייא געבין זיך דיא הענד).

**קאבצענזאהן** שלום עליכם! זעהר רעכט, נאר וואס קענען מיר דא גיהאלפין ווערין. אזוי האבען מיר גיהונגערט יעדער פאר זיך. יעצט דארפין מיר אין צווייען הונגערין.

**הונגערמאן** ע דאס איז בלאטע, אבי אין צווייען וועלין מיר שוין עפעס אוים קלערען. צוויי איז ניט אייגער אנוא קלעהר! (קאבצענזאהן טראכט) נוא וואס קלערסטו אזוי לאנג. —

**קבצענזאהן** שטעה, שטעה, ווייסטו וואס איך האב אוים גיקלערט? ווען איך זאל האבין געלד וואלט איך עפעס געגעסין.

**הונגערמאן** פערד! דאס וויים איך פון פריהער! שלאג מיר ניט איבער איך וועל קלערין. (ער קלערט).

**קבצענזאהן** זייא קלער ניט אזויא לאנג ווייל איך וועל גיין אוים האלטען. אזויא הונגעריג בין איך.

**הונגערמאן** קום אהער! ווייסטו וואס איך האב אוים גיקלערט? ווען נאט זאל אונז דא באשערין עפעס אזייך מענטשעלע וואלטין מיר שוין

גיוויסט וואס מיר האבען צוא טהאן.

**קבצנזאהן** איך האב שוין מורא אויף דעם גאט צוא בעטין, ווייל פריהער האב איך אויך גאט געבעטין, האט ער מיר צוא געשיקט דיך — איך שטעל מיר שוין פאהר וואס פאר ארלות דער דריטער קען זיין. (זייא קוקין זיך ארום אין דער טיעף פון בולוואר בעמערקען זיי איין אלטען מאן געהט פארטראכט אונ לייענט אצייטונג).

**הונגערמאן** טסי! אט געהט מען, וועהסטו אט דער אלטער מעגסט דיר זאגען וואס דוא ווילסט פאר אגויט דעם רינג! וועהסטו בלישצען ביי איהם אויפין פינגער! אונ דאס קייטעלע? אונ נאך דעם קייטעלע דארף מען פערשטעהן שלעפט זיך גיווים נאך אזייגעריל. ס'וועט זיין רעכט!

**קאבצענזאהן** יוא וואס טהוט מען, איך בין אבער אזוי הונגעריג איך וואלט איהם איין געשלינגען מיט'ן קאפעליש.

**הונגערמאן** געה פריוו זיך בעטען בייא איהם אנדבה!

**קבצנזאהן** דאס וועסטו גיט פוילען בייא מיר. איך האב שוואכע הענד! געה דוא צוא! —

**הונגערמאן** איך קען דאס אויך ניט, נאר אז מיר וועלען געהן מיט דרך ארץ וועלין מיר גאר גיט האבען, מען דארף דא זעהן קלערין אמיטעל צוא איהם. —

**קבצנזאהן** וועהסטו צו איהם האב איך שוין אגוטע עצה. איך קען זייא גוט אט דיא אלטע ראקען-פרעסערס. וויא דוא קוקסט איהם אן דעם אלטען פריוו בעטין ביי איהם אנדבה וועט ער דיר געווים אפזאגען. פאר וואס מיינסטו? ווייל מיר זענען זינדיגע מאנספערזאנען צוא זאמען געשטעלט פון הויזען אונ רעק! דעם אלטען דארף מען זעהן מיט עפעס אצופ טוען ביים אלטען הערץ צו ווארעמען עס. אזא וועט זיך אביסיל אריהר טוען זיין קעשענע. דו פארשטייסט וואס איך מיין? לאז ער נאר דערזעהן אקליידיל. אזא וועט ער אפ געבען דיא נשמה אפילו.

**הונגערמאן** יוא וויאזשע נעמט מען דאס מיידיל?

**קבצנזאהן** בהמה אמיידעל וועל איך איהם געבען? א מכה! אקליידעל האב איך דיר גיזאגט. א דאס איז דיא קונץ פאר אקליידעל וועט ער געבין



געלד מעג זיין אונטער דעם אפילו א שטעקין.

**הונגערמאן** איך פערשטעה ניט וואס דוא מיינסט?

**קאבצענזאהן** הער אוים! איך וועל געהן חאפען בייא מיין באקאנטער וועשערין מארגאלע אקליידיל מיט אהיטעלע מיט אזאנטיק אונ איך וועל מיך אן טיען פאר אפרויא אונ דוא אין דער צייט וועסט זיך באהאלטין אונטער דיא בייטער. אונ אז איך וועל אריין קומען אלס פרויא אונ אנהייבען מאכען דיא חצופה'לע חנדלעך וועט ער זיך אוודאי צוא שארען צו מיר. איך וועל זיך אבער אנדערש ניט לאזין ביידען ביז ער וועט מיר ניט פריער ווייזען זיין בייטעלע, דענסטמאהל וואלסטו ארוים שפרינגען פון אונטערין בוים איהם איבער פאלין אונ אנהייבען שרייען אז איך בין דיין פרויא — וועט דאס פאר איהם גיט פאסען דער גיוואלד, וועט ער מוזען געבען געלד, גאר וואס זאגסטו איז דאס אפלאן? (אב).

**הונגערמאן** נא איז דאס אשארלאטאן! וואס דען זאל מען טהאן. נויט ברעכט אייזען. דיא נויט ברינגט צוא אלעמען, דיא בעסטע ערפינדונגען ווער מאכט מעהר וויא דיא נויט? אוודאי בין איך גיט געוועזען אזויא פראקטיש אז איך בין גיוועהן ביים טאטען אונ דיא מאמע האט מיך פארצערטעלט אונ האט מיר אלסדינג נאך גענעבען, אונ דאס איז טאקי גיוועהן מיין אומגליק וואריין ווען מיינע עלטערין וואלטען מיך געוועהן געלערינט אמלאכה. זייא זענען אבער געוועהן מיוחסים אונ רייך נאך דערצו איז זייא ניט אן גישטאנען דעם זאהן צוא לערנען אמלאכה זייא האבען ניט געוויסט אז ס'קען זיך זייא נאך איבער קעהרען מיט דער פיטער אראפ אונ זייער זאהן זאל דארפען ווערען אגנב. מיילא וואס קען מען מאכען? ס'איז שוין פארפאלען ווען איך וואלט חאטשע געוויסט אז דער רייכער מענטש האט רחמנות אויף דעם ארימען וואלט איך פארשפארט אלע אויפטיהכצען, וואס וועל איך מיך נאך שמירען מיין פנים אז איך וויים אז ס'איז אומזיסט צום בעווייז וועל איך ניט זשאלעווען צוא איהם צו צו טרעטען אונ בעטען אנדבה וועט איהר אין מיסטען זעהן אז איך האב רעכט, (ער נייט צו צום אלטען נייגט זיך) מיין ליבער הער זייט אזוי גוט אונ שענקט

מיר עפעס אנדבה (דער אלטער גיט אמאך מיט דער האנד) איהר ווענט דאך באכט מיר איזד וויא האט איהר ניט אידיש הערץ אין זיך האט רחמנות אויף מיר שוין דעם דריטען טאג אז איך האב ניט גיגעסין. איהר זעהט ווי ער מאכט זיך טויב. ער פארשטאפט דיא אויערין מיט וואטע. מיין ליבער הער! האט רחמנות איך האב אזוי מיט קינדער זייא שטארבען פאר הונגער, שענקט מיר עפעס אויף ברויט.

**אלטער** (בייז) פארט!

**הונגערמאן** אט האט איהר! וואס דען? איך קען זייא ניט דיא אלטע שארלאטאנעס. אט לאז ער נאר דערזעהן אקליידיל וועט איהר זעהן וויא ער וועט זיך באלד אומקוקין. ס'וועט מיט איהם אזוי טהאן וויא אקדחת. אונ וויא גיך ער וועט אעפען טהאן דאס בייטעלע, זיא זאל נעמען וויפיל זיא וויל — שא אט געהט מיין קבצנזאהן ס'וועט זיין רעכט.

**קאבצענזאהן** (קומט אריין פערקליידעט אלס פרויא מיט אזאנטיג אין דער האנד אונ מיט דער אנדערער פאכעט ער זיך מיט אפעכער) דאס וועטער איז שעהן. דיא לופט איז פריש אין גארטין, אבער זעהר ווייניג מענטשען שפאצירען היער אים גארטען —

**דער אלטער** (קוקט זיך אום לייגט אוועק דיא ציימונג — קוקט זיך גוט צוא) אי! אי! אשעהנע וואקס אשעהנע טאליע ס'איז טאקי גאר אה ע־ע־ע מאדאם!

**קאבצענזאהן** וואס? גלויבען זיא דאס איך זוי אלט בין דאס זיא נענען מיך מאדאם? איך בין נאך א פריילין! —

**דער אלטער** אוי אפיסקעלע, אשפראכע עס צוא געהט זיך אין איטליבעס אבר! ענטשולדיגען זיא פריילין זינד זיא נאך אונפערהייראטעט?

**קבצנזאהן** איך האבע איהנען שוין איינמאהל גיזאגט, אבער וואס ווינשען זיא פון מיר?

**דער אלטער** וועה וויא האלט איך עס אוים, הערט אשפראכע, זיא צוא ווארעמט מיר מיינע גלידער הערט א שטימע זעהט אפיסקאניא אויך איך האבע קיינע פרויא איך בין נאך אונפערהייראטעט —



**קבצענזאהן** יא וואס געהט עס מיך אן? וואס ווינשען זיא פון מיר?

**דער אלטער** וואס איך ווינשע? (ער ריקט זיך צו צו איהר).

**קבצנזאהן** ביטע נור איין ביסכען ווייטער! —

**דער אלטער** אביסכען ווייטער! וואס פאר אזיסע דייטשע שפראכע?

**קבצנזאהן** (אפארט) אזא יאהר אויף דיר. (צום אלטען) ע וואס מאכען זיא אבער דאס איז צו פיעל? —

**אלטער** צו פיעל הא הא הא נא הערען זיא מיין טייערעס פריילין! זיא וואלען וויסען דאס איך בין רייך זעהר רייך —

**קבצענזאהן** נא וואס געהט עס דען מיך אן?

**אלטער** וואס? וואס זיא ווינשען האבען זיא ביי מיר נור פיר איינען קוש!

**קבצנזאהן** הא שעהמען זיא זיך ניט איהר אלטער!

**אלטער** וואס שפרעכען זיא פאס אלטער אבער געלד האבע איך!

**קבצנזאהן** דאס איז דאך איהר געלד וואס האב איך דען דאפאן?

**אלטער** אה זיא קענען אויך האבען זיא קענען דאס גאנצע בעקומען נור פיר איינען קוש —

**קבצנזאהן** האבען זיא דען דארט פיעל געלד? ציינען זיא מיר!

**אלטער** וויזט איהם דאס בייטעלע קבצנזאהן האפט עס אוים אונ גיט אסיגנאל הא! הא!

**הונגערמאן** (שפרינגט ארוים פון אונטער דעם בוים) וואס איז דאס? וואס האט איהר צו מיין פרוי? ע מענטשען קומט אהער.

**אלטער** נאט אייך נאט אייך אלסדינג אבי לאזט מיך צורוה. (זייא רייסען בייא איהם אפ דאס קייטיל מיט'ן זייגער אונ דעם ראק דעם פאלטאה שלאגין איהם אונ ווארפען ארוים).

**הונגערמאן** (לאבענדיג) ס'איז גאר קיין פלאן קיין שלעכטער

**קבצנזאהן** ווארט אוים איך האב נאך א בעסערין! דא אין שטאט איז דא אקארגער עושר ר' יצחק ער האט איין אלטע מויד פון איאהר 29.8..7.6 זיא וויל אויף קיין פאל גיט חתונה האבען נאר בין זיא וועט דערטאפען איונג יונגעלע ער זאל רייטען רייטש האבען שווארצע וואנצעלעך אונ הייסען פראנץ זיא האלט שטענדיג אביביל אין דער האנד. אראמאן. איך בין גיוואר גיווארין אז זיא וועט

אנדערש ניט חתונה האבין נאר וויא עס שטעהט אין דעם ראמאן ;

**הונגערמאן** אין דעם ראמאן הייסט דאך דער העלד פראנץ ?

**קבצנזאהן** נא וועל איך הייסן פראנץ , פאר מיר איז דאך אלס איינס וויא איך הייס. אז איך הייס גנב איז בעסער ? דיא גאנצע זאך אז ביז אהער האב איך ניט גיקענט אויס פיהרען מיין פלאן ווייל איך בין גיגאנגען אם גירוסין זיא וואלט מיך באלד ערקענט אז איך בין אשטרענגער : יעצט אז איך האב שוין געלד וועל איך מיר קויפען אשיינעם אנצוג אונ דוא וועסט זעהן וויא איך וועל איהר געפעלען אונ וועל מיט איהר חתונה האבין. איך וועל מיט איהר שפיעלען אליעבע אז דער קאפ וועט איהר הארט ווערין. דייטש רעדען קען איך דאך אונ פראנץ הייסען איז דאך ביי מיר קיין מלאכה ניט. אונ אפאהר האנצעלעך וועל איך מיר מאכען. נאר דיך וועל איך בעטען דוא זאלסט זיך צו מיר ניט ווייזען דיא גאנצע צייט ביז איך וועל חתונה האבין מיט איהר אונ איהר קאפיטאל וועט ליגען ביי מיר אין דיא הענד. דאנסטמאהל וועלין מיר לעבען נא וואס זאגסטו צו דעם פלאן ?

**הונגערמאן** ס'איז אויך קיין פלאן קיין שלעכטער , וויא זינגען ;

1.

**קבצנזאהן**
יעדער מענטש אויף דער וועלט
וואס טהוט דען ניט אין א נויט
דער טהוט עס צו ליעב דעם געלט
דער צו ליעב א שטיקיל ברויט
אפילו דער גרעסטער עושר
נעהט פון דער דאלע נישט ארויס
דער טהוט עס קאמערשט מיט יושר
דער שווינדעלט דער נארט אויס
ס'איז אויך קיין פלאן קיין שלעכטער
איך קאך אזש פאר גילעכטער חחחח



2

דארט זעהט איין אדוואקאט
איינס גאר אין דער וועלט
גאר אין א קורצער צייט
לאדט ער אויך דאס געלד
ער לאדט עס באמת אויס
ביים סוחר ביז אין איין פרוטה
ער שטעלט אבער אויך ארויס
דעם קליענט א פייג א גוטע א. ז. וו.

3

א שרייבער א נימיינער
גיהאלט נעמט ער גאר ווייניג
וויא קומט עס פרעגט נישט קיינער
וואס ער לעבט זיך וויא א קעניג
ווייל מיט דער רעכטער האנד דער פלינקער
ווען ער האלט דיא פעדער
מאכט ער מיט דער לינקער
אט אזויא כסדר א. ז. וו.

4

איינער האט א מאגאזין
שיין גאר אט צו מאהלען
וואס טהוט ער אז צום טערמין
האט ער נישט צו באצאהלען
ער צינט עס אונטער אם אנדרע

און מאכט א גוט געשעפט
און מאנט ביי דער אנדערע
דאפעלט וואס דאס באטרעפט א. ז. ח.

5

פאר ליבט אין א יונגען מאן
איז איין אלטע דאמע
עס וואלט איהר גיכער גיפאסט צו זיין
פאר איהם אליין א מאמע
זיא גיט איהם איהר עשירות
ביז אין דער לעצטער קליינגער
און ער נעמט ביי איהר דיא לידעס
און שענקט אוועק א יונגער א. ז. ח

6

איין אלטער אלמן דארט
נעמט נאך גאר א יונג ווייביל
זיא שווערט איהם אויף איהר ווארט
אז זיא ליעבט איהם וויא א טייבעל
ער ברענגט זיך אוים דער אלטער
און מהוט זיך כל העצות
און זיא קושט זיך מיט דעם בוכהאלטער
הינטער זיינע פלייצעס א. ז. ח.

ענדע דעם צווייטין אקט



# דריטער אקט

(שמשלט זאָר דאס זעלבע צימער ר' יצחק'ס פון דעם ערשטען אקט
קאראלינא זיצט נעבין אטיש) און וויינט יצחק שטעהט נעבין איהר...

**יצחק** ניין, ניין טאכטער! יעצט וועט מען דיך שוין ניט הערין אז דוא וועסט וויינען און קלאגין אפילו! אז דוא האסט איהם שוין גיקענט אם זאגין — שלמה'ן, מיינער און דיינער גוטער פריינד מענסטו טאקי וויינען! אזא פיינער יונגערמאן, ניט קיין נאר און ניט אנגעבילדעט און רייך. איין אנדער מיידעל אויף דיין ארט וואלט זיך גליקליך גישעצט. ווען ער זאל זיא וועלין נעמען — נא? ווער וועט זיך אויף דיר היינט אומקוקין אפילו מיט דיין געלד? ביסט שוין אלט, ביסט ניט אזוי שעהן וויא אמאהל, האסטו איהם שוין אנגיוואוירען טאכטער מעגסטו שוין וויינען — איך וועל שוין אויף דיר קיין רחמנות האבין אז דוא האסט אויף דיר קיין רחמנות.

**חנה** אך לאז מיך צו רוה, איך קען יעצט מיט דיר ניט שפרעכין איך בין עפ נס שמאכטעטעריש...

**יצחק** שמאכטעטעריש?... וועה וועה איז צו מיר (אב).

**חנה** (זיא קרימט זיך נאך) שלמה'ן זאל איך איהם נעמען? א טייערער נאמען „שלמה" גלאט ער וויל איך זאל אזוי חתונה האבין: גוט מארגין גוט יאהר! — ניין מיר ריכט עס ניט אין דער נאזע, איך וואלט גיוואלט ס'זאל זיך ראשען, טאראראמען, פילדערין, אם אשטיינער וויא דא (זיא ווייזט אויף דעם ביכעל).

**בעדינטער** איינגער מאן פרעגט זיך צו אייך, זאל איך איהם אריין לאזין?

**חנה** וויא הייסט ער?

**בעדינטער** ער זאגט מיר ער הייסט פראנץ פראנצענזאהן! —

**חנה** גערפעלט?... בעט איהם אריין! — (דיענער עפינט דיא טהיר).

**קבצנזאהן** (קומט אריין שארלאטאניש) איין קאמפלימענט ווערטעס פריילין.

**חנה** וואהל בעקומען! — ביטע פלאצען זיא. (אפארט) וויא שעהן ער רעדט דייטש.

**קבצנזאהן** (אפארט) וועלכע שיינהייט! —

**חנה** (אפארט) אונ הייסט פראנץ!

**קבצנזאהן** (אפארט) רייצענד אונ יונג!

**חנה** (אפארט) אונ מיט שווארצע וואנצעלעך!

**קבצנזאהן** (צו איהר) ענטשולדיגען זיא וואס פאר אבוך איז דיעס זיא ערלויבען?

**חנה** יא, ניין, איך ביטע, זיא האבען בעשאמפעלעך געלעזען דעם ראמאן „דאס גליקליכע עהעפאאר".

**פראנץ** אה! דאס?.. אה! יא אך! (ער זיפצט)

**חנה** וויא זיפצין הער פראנץ? פראנץ הייסען זיא גלויב איך?

**פראנץ** צומבעליעבען — אונ וויא וואן איך פראגע דארף?

**חנה** (צו לייגט דאס ווארט) קא-רא-לי-נא!

**פראנץ** קאראלינא? מיין גאטט!

**חנה** (אפארט) אדאס איז אט אפנים דאס גליק וואס איך האב אזוי לאנג ארום גיקוקט אויף איהם — אנא לאמיר נאר אריין קוקין אין ביך.

(זיא לייענט) לאנגע שטאנדין זיא — (אים זויא וויטער).

**פראנץ** (טהוט אפאל אויף דיא קניע) אט דא מיין ענגעל! מיט וועלכען צויבער האסט דוא מיך אמשטריקט דיינע אויגין שיינען מיר ווי דער מארגין וויא העל — דיינע נאזע אה דיינע נאזע איז דיא נאזע אלער נאז — דיין געטליכעס בילד זעהע איך איהם טרוימע נור איין ווארט איך ליעבע דיך זאגסט שטערבע איך! —

**חנה** (אפארט) גוט גוט, יעצט לאמיך זעהן וואס האב איך צו טוען (זיא זינגט) איה וויים ניט וואס מיר פעהלעט (ער זינגט מיט איהר צוב שלוסם פון דעם ליעד צו קישען זייא זיך אין דעם מאכענט קומט אן יצחק).

**יצחק** וואס איז דאס? (ער געהט צו צו קבצנזאהן אונ קוקט איהם אן) מיט וואנצעלעך? יוא אמת מיט וואנצעלעך (ער באקוקט איהם פון קאפף ביז פוס), אט דאס איז דער פאלאסטראנט? נא אודאי איז כדאי גיוועזן צו ווארטין אויף אנא סחורה! קוק אן קוק אן אוים גיפיצט אונ האט



אודאי ניט אקאפיקע בייא דער נשמה.

**פראנץ** פון וואנען האט ער גיטראפין?

**יצחק** אבער וויא קומט ער אהער? דורך וואנען איז ער דא אריין אין שטוב?

**פראנץ** אבער דאך וואנען קומט מען דא ארוים?

**יצחק** אט דאס איז אשארלאטאן! מען קישט זיך שוין גאר? הער ניר דיא פיינער יונג! וואס טהוסטו דא? וואס פאר ארוח האט דיך גיבראכט אהער?

**פראנץ** וואס פאר ארוח האט איהם אנגיטראגין אהער? —

**יצחק** האסט קיין אנדער ארט ניט גיהאט אוים צוא ברענגען דיין שארלאטאנסטווע נאר דא ביי מיר? אומגליקליך צוא מאכען מיין טאכטער? ארוים! (ער טרייבט איהם ארוים).

**חנה** (אין ביכיל קיקינדיג) אבער גיט איין ווארט וויא דא שטעהט?

**יצחק** (צו חנה) אט דאס איז אפנים דיין זיווג! — וויפיל איך האב דיר איבער גירעדט שידוחים איז דיך שוועהר גיוועזן צוא בייגען אונ דא האסטו זיך אזוי גיך גיזיווגט? אשיינער בייט פון שלמה'ן אויף איהם. נא אונ אזוי איינער מיינסטו וועט דיר קענען ברויט געבען?

**חנה** (דיא גאנצע צייט קוקענדיג אין ביכיל אונ רעד צו זיך) אבער ניט איין ווארט וויא דא שטעהט אבער איך וועל איהם אנדערש ענטווערין.

**(צו איהם)** איך פרעג דיך נאר וואס ווילסטו פון מיין לעבען וואס האבען וואס לאזטו מיך ניט גיבינדייען אויף דער וועלט? קוים האב איך גיהאלט אביסיל צו זיך קומען זיך אביסיל ווידערהאלען טראגט עם איהם אן אין מיטען! — יוא יוא נא וואסזשע ווילסטו? אדאס איז מיין זיווג.. אט אזוי וויל איך! אונ דיר זאג איך הערסטו? איך זעה דאך אז דוא האסט איהם ארוים גיטריבין אויף דער אמתן זאג איך דיר אז דוא וועסט מיר איהם גיט לויפען אפזוכען אונ מיר איהם ברענגען אהער גיפינסט דוא מיך נישט מארגענדיגען טאג בייא דיר אין שטוב. וויא מען האט אהעזה אמענטשען בייא מיר אין שטוב צו בלאמבירען. פי שעם דיך! — נאר איין עק ברענגסטו מיר איהם צוריק איז גוט.. אלא ניט...

**יצחק** נא שא שא מאכטער! אט גיה איך איהם אפ זוכען שא שא (אב).

**חנה** האט איהר גיהערט אין אונשיקעניש אויף מיין קאפ? איך האב קוים דערטאפט מיין פארטיע: מיין פראנצען אונ רעד אזויא שעהן דייטש אונ מיט שעהנע שווארצע וואנצעלעך, אונ שפילט דעם ראמאן פאלקאמען טראגט עם איהם אהן. קומסט אריין ועהר רעכט רעד וויא אמענטש, וויא אין ביכיל שטעהט, ניין היי ער נאר פאר פייער אונ פאר וואסער אונ מיינט עם מאקע ערענסט, לאמיר נאר זעהן וויא ער וועט מיר ניט צו ליעב טוען? — מיר איבער שלאגען מיין ראמאן!... אזא שיינער טייערער ראמאן, איטליכעם ווארט איז גאלד פערעלעך שיטען זיך פון יעדען ווארט.

**(זיא ליינט ווייטער)** איינע שעהנע זאמער נאכט, דיא נאטור שליעף אין זאנפטין שלימער אונטער דעם בלויען מיט ברילאנטין געשטיקטע דעקע דער העלע מאנד פארשטעקטע זיין בלאסעם געזיכט אונטער דיא שווארצע וואלקען שלאף לאז וועלמצע זיך קאראלינא אויף איהר ווייכעם לאגער טיעפע זיפצער ענטשפרונגען איהרער ברוסט פלעצליך העלט זיא איינע זאנפטע זיסע שטומע שיען איהר דרויסין אונטער דען פענסטער צו פערנעהמען. (אין דעם מאמענט זינגט פראנץ אונטער דעם פענסטער קאראלינא).

**חנה** (הערט זיך צו) (ליינט) טיעף באוועקט פון דעם מעלאדישען טענען קאראלינא ליעף ראש צום פענסטער אונ (זיא ענטלויפט ווערד'ן פענסטער).

**יצחק** (קומט אריין פון דער מיטעל טהיר) זיא האט מיך גישיקט איהם אפזוכען, איך ווייס וויא ער האט גיקענט אוועק, גיה זיך דעם גערכטיגען טאג, נא דיר אזא שלימאזיל אויף מיין קאפ. דאס איז נאך מעהר ווייטיג איך אליין זאל נאך געהן איהם אפ זוכען? אלא ניט זאגט זיא אוי דער אלא ניט, חנהלע מיין טאכטער! שא אדאס איז שעהן! חנהלע! חנהלע! מיר דאכט אז זיא איז שוין אויך גיטא, נאך דאס וואלט מיר גיפעלט. אצונד דארף מען שוין לויפען ביידע זוכען. חנהלע וויא ביסטו. (ער לאזט זיך ארוים לויפין. שלמה קומט איהם ענטגעגען.



**שלמה** שטעה שטעה וויהין לויפסטו?

**יצחק** אי לאז מיך (ער וויל ארוים לויפין).

**שלמה** (האלט איהם צוריק) וואס איז דא? וואס איז?

**יצחק** עס איז שוין רעכט פרעג ניט — אי לאז מיך גיכער!

**שלמה** וואסזשע איז דא? דערצייל מיר אויך!

**יצחק** איך מוז זיא שוין געהן אפ זיכען זיא איז אנטלאפין.

**שלמה** אט דאס איז גאר? קומזשע צוריק אונ זעצט דיך אנידער דיא נארישער טאטע. אונ מאך ניט אזא גיוואלד איך וועל זיא דיר אפ זיכען.

**יצחק** וואס רעדסטו! דוא ווייסט וויא זיא איז?

**שלמה** אז איך זאג דיר מעגסטו מיר גלייבין, זיא איז בייא מיר אזוי טייער וויא בייא דיר, ווארט זיץ נאר אנידער האב צייט.

**יצחק** זאגזשע מיר גיכער אונ נעם מיר ניט ארוים מיינע כוחות דוא ווייסט דאך אז מיין גאנץ לעבין העגגט אין איהר.

**שלמה** איך וועל דיר זאגין, איך בין שוין דערגאנגען אלעס דא איז אזוי וויא איך האב דיר גיזאגט, דא איז קיינער ניט שולדיג נאר דוא אליין. ערשטינס גיסטו איהר פיל נאך. צווייטינס האסטו זיך ניט צו גיהערט צו איהר בילדונג דוא זאלסט זיא גיוועהן רעגעלמעסיג בילדין אונ ערציהען וואלט אנדערש גיוועהן זיא האט גילייגט אין ביכעל אויף איהר לעבען אונ דאס ביכעל איז בייא איהר תורת משה אונ נעמט שוין דערפין אמוסר אונ וויל נאר טוען וויא אין פסוק שטעהט, אצונד איז זיא אנטלאפין מיט איהם דורך דעם פענצטער אונ זיצט אוודאי מיט איהם אין הויף אדער אין קעך דיא האט מיט איהם אזוי גידארפט אנטלויפין דורך דעם פענסטער אזוי וויא דוא. נאר אין ביכעל שטעהט דאך אזוי!... באלד וועסטו ערהאלטין פון איהר אבריף דוא זאלסט זייא בענטשען, אונ זיא וועט מיט איהם חתונה האבען, דוא וועסט עס איהר מוזען צו ליעב טוען מיט דעם וועט זיך ענדיגען דער ערשטער טייל פון דעם ראמאן. מעהר וועט זיא דיר שוין קיין קאפ ניט דילען דאס מעגסטו זיין זיכער. ווייסטו פאר וואס? ווייל אין ביכעל שטייט שוין ניט

מעהר. נאר ביים צווייטען טייל פון דעם ראמאן ווינטש איך מיר ניט צו זיין, ויא האט אריין גיקוקט אין ביכיל אונ האט ניט גיזעהן מיט ווען זיא פערבינט זיך דער מענטש איז אגיפעהרליכער דאס ויים איך. נאר איך וועל דיר דיין הערץ מעהר ניט שווער מאכען הלוואי עס זאל זיך אוים לאזען צום גוטען, איך בין אייך אוודאי גיטריא, אונ זיא טוהט מיר שטארק באנק — אלזויא וויסען זאלסטו אז איך פאהר יעצט אוועק וועגין מיינע גישעפטין דוא וועסט מיר אוודאי ניט וועלין שרייבין וואס דא וועט פארגעהן. האב איך מיר דא באשטעלט אגוטען פריינד וואס ער וועט מיר מיט יעדער פאסט שרייבין וואס דא וועט פארגעהן, אונ קוים וועל איך הערין אז זיא שטעהט שלעכט וועל איך אויגענבליק קומען אהער. דיא האפנונג האב איך ניט פערלוירען. נאך אלע זאכען זאג איך דיר אז זיא בלייבט מיינע אדיע (אב).

**בעדינטער** (קומט אריין מיט אבריף) איין בריעף פון אייער קינדער!

**יצחק** נא נא ריף זיי שוין אריין מיילא וואס זאל איך טוען.

**חנה** (געארימט פראנצען) האבע דיא ערדע פאהר צו שטעלין מיין גאטזעליגען פאטער זאל לעבען.

**פראנץ** ברוך דין אמת!

**חנה** פאטער דיין זעגין! וואס וויינסטו?

**יצחק** פאר שמחה טאכטער, לאז דיר גאט העלפין וויא איך ווינש דיר (ער לייגט ארויף אויףביידע דיא הענד בענשט זייא וויינענדיג אונ געהט אב).

**חנה** עס איז אפילו ניט אזוי גוט דייטש נאר לאז זיין הא! וואס זאגסטו פראנץ?

**פראנץ** פארשטייט זיך, ערשטינס האט דער פאטער דעם ראמאן ניט גילעזען אונ צווייטענס שטעהט דאך מעהר ניט אין ביכיל גישריבין ווייל דא האט זיך גיענדיגט דיא ערשטע טהייל פון דעם ראמאן.

**חנה** וואס ס'איז נאך דא א צווייטער טהייל? אונ איך וויים גאר ניט?

**פראנץ** ע ע ע נאך וואס פאר א טייל פיל שענער פון דעם ערשטען.

**חנה** קען איך איהם לעזין?



**פראנץ** ניין! נאר איך קען איהם אויסענווייניג דער צווייטער טייל איז מעהר פראקטיש. איך וועל איהם מיט דיר דורך געהן וויא עס דארף צו זיין.

**חנה** איך בעט דיך וויא הייבט זיך אהן דער צווייטער טייל.

**פראנץ** דאס גידענק איך אז פראנץ מיט קאראלינען מאכן חתונה האבען.

**חנה** נא דאס וועט דאך במיילא זיין.

**פראנץ** אונ קאראלינא מוז אוים ווערקין ביים פאטער סאי מיט גוטען סאי מיט בייזען ער זאל אויף איהם פארשרייבען דאס הויז מיט זיין גאנץ פארמעגין.

**חנה** ע דאס איז אקליינינקייט דוא ווייסט דאך אז איך האב דיא דעה ביים טאטען. נא ווייטער.

**פראנץ** יעצט קען איך מיר גראדע ניט אזוי פיל ערראינערין נאר צו ביסלעך וויים וועל איך דיר שוין דערצעהלען הא הא עס קומט פאר מען דארף זינגען, פריילאך זיין. אבלל מען טאנצט אונ ס'איז פריילאך.

**חנה** א לעבין זאלסטו.

**פראנץ** אט נא דיר שוין אביישפיל דאס ערשטע ליד פאנגט אזוי אהן.

(ער זינגט)

ניטא שוין דיא צייטין
פון כלי זמרים אונ בדחנים
מיר מענטשען מיר לייטען
דארפין קיין שדכנים
אט אזוי אט אזוי
האט מען חתונה גאנץ פיין נאה דעם ראמאן
אונ אליעבע מוז זיין.

---

מיר יונגע לייט מעגען
נאר אנדערש הייראטען

מיר דארפן ניט פרעגן

קיין מאמען קיין טאטען

אט אזוי אט אזוי

האט מען חתונה גאנץ פיין נאך דעם ראבאן

און אליעבע מוז זיין.

דיא גאנצען בידנ"ט פארהאנג פאלט

ענדע דעם דריטען אקט

---



# פירטער אקט

(שטעלט פאר חנהלעס ארעם ציממער אויף איין אלט צו בראכען מיטעל ליגט אבריעוועלע).

שלמה גיטא קיינער אדא אפנים וואהנען זייא. גאר גיט מיאוס לידיגע פינסטערע ווענט. אטישיל אבענקיל. אשעהנער תכלית גיווארן פון אזא עשירות איינציגע מאנאטה נאך זייער חתונה האבען זייא שוין פיעל איינגעבראכט אין דער ווירטשאפט. דאס הויז האט מען צו גינומען פאר שולדין. דאס מעבעל פארקויפט. און חנהלע קוהלט זיך אלץ נים. איהר שטרינגאר פאהרט ארום אויף דער וועלט שארלאטאנעווען. און זיא פארקויפט פון זיך דאס לעצטע קלייד און שיקט איהם צו אויף הוצאות. גיין! יעצט פאהר איך שוין ניט אוועק פון דאנען ביז עס וועט שוין נעמען איין עק. (ער דערזעהט אבריף) הא! אבריף? אוודאי פון איהר פראנצ׳ן. — (ער ליינט) יוא חלעבין! ח ח ח אדאס איז אשטרינגאר ער האט אפילו אויף קיין פאפיר גיהאט האט ער גינומען אשפייזע קארטע פון דעם האטעל און האט אויף דעם אן גישריבען אבריף. וואס דא טהוט זיך. אוים גימישט פאעזיא מיט זויערע איגערקעס ווינער שניצעל מיט ליעבעס ערקלעהרונגען און דא ליינט עס אוודאי און מייעט אן דער פון. נארישע חנהלע! מיר וועלין זעהן איך וועל פריווען רעדין מיט איהר. אפשר האט ער זיא שוין אנגילערינט אהא זיא גייט.

חנהלע קומט אהן

א פאלאמאן! וואס טהוט איהר דא? אגאסט;

**שלמה** וויא געהט עס דיר חנהלע ?

**חנה** וויא זאל עס מיר געהן איך האב מיך גיט צו באקלאגן . גאטט זייא דאנק .

**שלמה** נאך יעצט ווילסטו מיך נארען חנהלע ! מיין ניט אז איך ווייס פון גאר ניט . איך ווייס אלעס וואס דא געהט פאהר , איך ווייס וויא דוא לעבסט . איך ווייס וויא ער האט דיך אויסגיבראכט , איך ווייס אז דיין פאטער איז פאר צרות געשטארבען . איך ווייס וויא שלעכט דיר איז אז דוא האסט ניט מיט וואס אטאג איבער צו לעבען . איך ווייס אז דיין פראפץ פאהרט ארום שארלאטאנעווען , אונ דוא פארקויפסט פון דיר דאס לעצטע קלייד אונ שיקסט איהם ארויס איך ווייס וויא אומגליקליך דוא ביזט יעצט בין איך גיקומען דיך ראטעווען .

**חנהלע** וויא הייסט ראטעווען ?

**שלמה** פריהר האסטו ניט געוואלט הערין אז מיר האבין דיר פראפעצייהט אז דער סוף וועט אזוי זיין . יעצט דארפט מיר איז שוין צייט זאלסט זעהן וויא שלעכט אונ טרויריג עס גייט דיר דער צווייטער טייל פון דעם ראמאן אונ זאלסט זעהן וויא גיך ס'זאל געהמען איין עק !

**חנהלע** וואס מיינט איהר מיט דעם ?

**שלמה** איך מיין אפ ראטעווען דיין עהרע דיין לעבען פון דעם שטרינגאר כל זמן ס'איז נאך צייט .

**חנהלע** דער חייל איז ער מיין מאן . דארפט איהר איהם ניט באליידיגען אויב איהר וועגט מיר ווירקליך אגוטער פריינד .

**שלמה** האב רחמנות אויף דיר הנהלע !

**חנה** אויב איהר ווילט אזוי גוט זיין וועל איך אייך עפעס בעטען איהר זאלט מיר צו ליב טוען . מיין מאן דארף באלד אנקומען פון גאלאץ ווינטש איך ניט איהר זאלט זיין דערביא .



**שלמה** אדיע ! אויפס ווידער זעהען (אב)

**חנה** שלמה איז פיין דאס איז אמת - נאר ...

**הונגערמאן** (פאלט אריין) נאך ניט גיקומען מיין ברידער ! כיר האבין ערהאלטען אבריף אז ער דארף היינט קומען !

**חנה** איך האב אויך ערהאלטען אדעפעשע אז היינט מיטאג קומט ער .

**הונגערמאן** אזוי ? מיטין לעצטען צאג דארף מען געהן אויפין באהן איהר געהט ניט ?

**חנה** ניין איך וועל איהם דא אין דער היים ערווארטען .

**הונגערמאן** אבער אבאקשיש וועל איך האבען אז איך וועל איהם אייך ברענגען ! (אב) .

**חנהלה** לאמיר זעהן אכט דער זייגער . ער איז מחויב באלד אן צו קומען . אלעבעדיגער יונג . נאך צו פיעל לעבעדיג , פון דער חתונה אן זעה איך איהם זעלטען אין דער היים . נאר ער מאכט רייזן . נאר מן הסתם ווייסט ער - ענדליך האב איך ערהאלטין פון איהם אבריף אז ער קומט , נאר איך פערשטעה איהם ניט . ס'איז עפעס אויס גימישט פראסט יודיש מיט טיעף דייטש נאר מיט גרויס מיה האב איך פארשטאנען אז ער דארף נייטיג געלד , האב איך איהם צו גישיקט . ער איז געבענך געוועהן פארשולדיגט אין האטעל איבערין קאפ אונ האט ניט גיהאט מיט וואס אהיים צו קומען אזוי דארפט מיר שטעהט אין בריף . אנגא לאמיך נאך אמאהל לייענען . (וויא נעמט דעם בריף) . עפעס איז ער האלב גידריקט , האלב גישריבען , האלב יודיש , האלב דייטש . נאר מן הסתם איז דיא מאדע אזויא . (ליינט) מיינע טייערע שפייזע קארטע האטעל צוקער ! קאראלינא . דוא וועסט מיר געוויס ענטשולדיגען וואס איך האב אין גאלאץ קיין גוטע גישעפטין גימאכט . דיא צייט איז זעהר שלעכט קאלטע שפייזין סערדינען קאוויאר האלבע פארציאנען זאכצינ סאנטין . [illegible]

זיך אָשׁלעכטע צייט. (זיא ליינט ווייטער) איך גיה ארום דיא נאכטע
טעג אונ שלאף נאר נישט ברוידט סוטע באליאן — דורך דיא נעכט קען
איך נישט שלאפען. אונ טראכט נאר פון דיר געבראטענע אינדישקע
מיט שפינאט. דיא גליקליך וואלט איך געוועזען ווען איך זאל דיין
לעבין דיר ראסבראטין מיט צוויבעל — מיינע גידאנקען שוועבען ארום
אין סערדינען סאס און וויערע נורקין אבציג קאנטין. אבלל איך
פון אהיים קומען נאר ס׳פעהלט מיר אבער גידעמפטע געהירען
מיט מאקאראנען נאנצע פארציאנען — געלד. איך בין וועהר פיל
שולדיג. בעט איך דיך מיינע טייערע אמלעט מיט קאנפעטאר מיר
מיט דער ערשטער פאסט דיא סומע צו שיקען כדי איך זאל
קאנען בעדינגטע ליכט ציממער של אהיים קומע צו זאמען הונדערט
אונ צוואנציג דיין ליעבענדער פראנץ ערהאלטען מארקוס צוקער.
נוא דארף איך נישט פארקויפען אפילו דאס לעצטע העמד אונ איהם
צו שיקען. אונ איך האב טאקי אזוי גיטוען חאטשי ער האט נישט
אזוי דיא וועדטה. וויל באלד נאך דער חתונה האט ער אויף
גיהערט צו רעדין דייטש. גלייך ווי ער האט נאר קיינמאהל נישט
גיקענט. אהא מיר דאכט ער געהט.

**חתנגערמאן** אט האט איהר איהם.

**קאבצנזאהן** קעטצעלע!

**חנהלע** קאטעריל! (זיא צו קישען זיך)

**קבצנזאהן** וואס הערט זיך עפעס דא אין שטעטיל?

**חנה** איך ווייס או דוא פאהרסט אוועק קומט מיין פיס נישט ארויס אויף
דער גאס אונ איך בענג אזוי נאך דיר. וועקט שוין מעהר נישט
אוועק פאהרען קאטעריל.

**קבצנזאהן** ניין קעצעלע. נא פין מיך ארויס איך דארף געהן זעהן וואס מיין
חבריה טוהט.

**חנה** קוק אהן ביזט הערשט גיקומען פון וועג אונ לויפסט שויך אוועק



מיר דאכט איך האב מיר פארדינט ביי דיר או דוא זאלסט זיך
אביסעל מיט מיר אונטערהאלטען. זיא וועסטו נישט פארשטעהן.
(זיך דריקט אויס) דוא ביזט דאך ערשט פון דעם וועג אונ מיינען
ווילסטו דיך זעהן מיט וועמין דוא ווילסט:

**קבצנזאהן** ניין קעצעלע איך מוז געהן גישעפט זאכען, האסטו נישט עפיס געלד?

**חנה** אט זעה ווי דיין קאראלינא איז דיר גיטריא איך האב גיוויסט אז
דוא וועסט קומען וועסטו דארפין געלד. האב איך פארקויפט דאס
זיידען קלייד. האלב האב איך דיר צו גישיקט אויף הוצאות אונ דאס
נאך אס גישפארט עטליכע פארעס זעהשע איך גיב זייא דיר נאר געה
נישט אוועק.

**פראנץ** ע קעצעלע איך האב דאך מיט דיר אויס גינומען או דוא זאלסט
מיר נישט אנטגעגען רעדין איך מוז אוועק געהן.

**חנה** גא דיר געלד. נאר זאלסט זיך נישט זאמען (פראנץ אב) וואס זאל איך
טוען מיט איהם איך האב איהם פארט ליעב חאטשי איך האב פון
איהם גרויסע צרות. (שלמה קומט אהן).

**שלמה** נא חנהלע!

**חנה** וואס נא וואס ווילט איהר?

**שלמה** נא האסט זיך נאך נישט איבער צייגט ווי אומגליקליך דוא ביזט.

**חנה** ווילט איהר מיך גליקליך מאכען? וואס הייסט ביי איך אומגליקליך?

**שלמה** דוא מאכסט זיך נישט פארשטייענדיג.

**חנה** הערט שלמה זאל איך מיט אייך אפען רעדין. טוהט איהר מיר
אגרויסע רעה וואס איהר קומט אהער. ביי מיר אין דיא אויגען ווערט
איך מיך נישט אומגליקליך. ביי אייך אין דיא אויגען זעהט איהר יא!
פערזשע בעט אייך איהר זאלט מיך אויפקלערין?

**שלמה** פארשטייט זיך או דער ווארעם ליגט אין חריין. מיינט ער אז כזאת

מיין זיסעדם ניטא. איך בין פראקטישער פון דיר דוא טהוסט נאך קינדעריש דוא ווייסט נאך ניט וואס הייסט פריינד – שאפט ערגעבענהייט מענטשהייט. (מען הערט אונטער דיא קאליסען פראנצען זינגען) אהא אט געהט דיין מזיק אויפס ווידערזעהן (אב).

**פראנץ** (קומט אריין זינגענדיג) ווארשושע ווארשושע ברידער זארעם קעצעלע פא אט געה איך ברענגען פרישע פארעם קעצעלע פא געה נעם מיך ארום. אונ גיב מיר אקיש.

**חנה** וועה איז מיר וואס איז דאס? קוק דיך אהן.

**פראנץ** וואס?! איך געפעל דיר ניט? זעה נאר דיא שווארצע וואנצעלעך.

**חנה** וועה איז מיר וויא ביזטו געוועהן. פראנץ דערמאן זיך וויא דוא ביזט.

**פראנץ** הא הא וואס רופסטו מיך פראנץ, רוף מיך קבצנואהן. וואס מיר פראנץ דוא גיסט געלד איך מאך דיר דעם טויט?

**חנה** וועה איז מיין לעבען. (זיא וויינט).

**פראנץ** וועה איז מיין לעבען או איך האב גידארפט אן קומען צו אזא שלעכטע זיא זאל קיין רחמנות האבין אויף מיר. דוא גיסט געלד?

**חנה** וועמין זאגסטו דאס דיין קאראלינא?

**פראנץ** וואס מיר קאראלינא חנה מאקאראנא הייסט!.

**חנה** גאטט שטארקער וואס איז דאס?

**פראנץ** דאס איז דער צווייטער טייל פון ראמאן האסט געוואלט ראמאן האסטו דיר ראמאן ווארט איך וועל דיר גיבן!

**חנה** לייג דיך צו אביסיל רוה דיך אויס מאך ניט קיין שאנדע.

**פראנץ** וואס מיך באליידיגען! דוא ווייסט מיט וועמען דוא רעדסט?

**חנה** קוק אהן ווער עס שפייט פאר דיר.



**פראנץ** הא! ווער ביזטו, ניין דאס איז גישט מיין מארגאליע ניין! (ער זינגט) גיבושע מיר אין וואנצעלע אקיש קעצעלע קעצעלע פא או ניט חאפסטו אין קאפ אריין דעם טיש קעצעלע פא גיבושע פארעם אונ שפיל קיין ראלע. ווארין אט געה איך ברענגין מיין מארגאלע קעצעלע פא (אב).

**חנה** וועה איז מיר וואס פון איהם איז געווארין. וואס הייבט מען אן צו טוען?

**שלמה** (קומט אריין) חנהלעי נא וואס זאגסטו אצונד. איך שטעה אונטער דיא טיער אונ הער אלעם צו. נא האסט זיך אלם ניט צו באקלאגין? נאך ניט צייט זאלסט רחמנות האבין, ווארף איהם אוועק, גט דיך מיט איהם זויא לאנג ס'איז נאך מעגליך, איידער דוא ווערסט פארגיפטעט. אונ קום צו מיר צו דיין געטרייען פריינד, וואס וועט וויסען וויא דיך צו שעטצען! דוא שווייגסט? דוא ענפערסט ניט. חנהלע! יעצט האסטו נאך צייט, ענטשלים דיך אונ זאג מיר, דוא געהסט מיט מיר. קום לאמיר אוועק פון דאנען, ווארין ער וועט זיין דיין מלאך המות! חנהלע דיא צייט שטעהט ניט, דוא געהסט צו ניין? זעה ס'זאל דיר ניט באנק טוען ווארין איך געה יעצט אוועק וועסטו מיך שוין קיין מאהל ניט זעהן דאס לעצטע מאהל זאג איך דיר חנהלע, קום אנטלויף אין דער וועלט. דוא קענסט נאך לעבין. נא נאך איינמאהל זאג איך דיר חנהלע דוא געהסט צו ניין? אדיע! דוא אונגליקליכע, (אב).

**חנה** אך! סאלאמאן! (זיא וויל נאך לויפין סאלאמאנען קומט איהר פראנץ מיט הונגערמאנען מיט צווייא וועשין מעדליך אנטגעגען).

**פראנץ** וואס טהוסטו דא בייא מיר אין שטיב? ווער ביזטו בייא מיר? א דאס איז מיין ווירטין געווען (ער ווייזט אויף מארגאלע) אונ זיא וועט זיין מיינע דיך וויל איך ניט קענען. האסט געוואלט אשווארץ וואנצעלע. (ער רייסט אראפ דאס וואנצעלע אונ גיט איהר) נא דיר אשווארץ וואנצעלע. נא וואס שטייסטו נאך דא וואס פארשטעהסטו

ז

מיר מיין שמחה ! הונגערמאן וואַרף זיא ארויס דיא נבלה פון מיין שטוב .

הונגערמאן (גייט צו אהרן) אמצוה אויף דיר ! האסטו געוואלט מיט מיר תחונה האבען . אצונד נעם דיר דעם דרך . (וויא ווארפין זיא ארויס פון שטוב זיא ווינט . קבצנזאהן הונגערמאן ביידע וועשן מיידליך מאנצין אקאדריל) .

פארהאנג פאלט

---

# פערוואנדלונג

(שטעלט פאר אהייליג ארט — רעכטס אויף אבערגיל זעהט מען אסך מצבות שטעהן צווישן ביימער — אונטער דעם בערגיל פליעסט אוואסער — לינקס וויא דער טויער פון היילינען ארט מיט אפארקען — נעבען טויער שטעהט דאס שטיבעל פון דעם קברות יוד — אגרעבער שטעהט האלב אין דער ערד — גראבט אקבר — און זינגט זיך צו

1.

גרעבער
טיעף און קאלט איז דער קבר
דער מלאך שטעהט דא מיט זיין שווערד
וויא ציטערין דארף איטליכעס אבר
אז מען דארף דא ליגען אין דער ערד .

2.

פארשמאכט ווענען דא דיא ליפען
דער צינג זיך מעהר ניט ריהרט



עס מעג ביים הערצין דא ציפען
גיפינט מען קיין ביסעלע ספירט

3.

אין דעם טויטין האב איך אנקטה
ער האט קיין מאהל פון אטרינק ניט גיטראכט .
ער וואלט שוין גיוואלט יעצט דערקוויקין זיין נשמה
נעה טרינק אז דער פיסק איז פארמאכט .

4.

וואס ער איז קיין מאל געקומען אין שענק .
און האט ניט פערזיכט קיין ביסעלע דאס
דערפאר טרינקט ער ביא מיר היינט קרענק
און פערבייסט מיט דער שטיינערנער צאם .

(ער ווארפט אוועק דיא לאפעטע)

פע אביטערע פרנסה נאדער אזא מלאכה האנדלין מיט בלאטע פנימער וואס מען קען מיט זייא קיין ווארט ניט רעדין . און קיין להיים טרינקין . ווען דער איינער מת זאל מיך ניט אונטערהאלטין האלט איך פאר מרה שחורה משונה גיווארין . אז איהר ווילט קען איך איהם אייך ווייזין , נאר טאמיד האט איינער פתר וועל איך אייך געבין אסגולה מיט אלע כתות זאל ער זיך אנשטרענגען און יעצט אן קוקין מיין מת וועט ער זיך שוין מעהר אויף זיין לעבען גיט דערעקין אט שלעפט איך איהם שוין , ער איז דא ! (ער שלעפט ארויס אפלעשיל) וואַרט איך האב נאך אקליין מתילי . דאס שלעפ איך ארויס פון דעם קבר ער שלעגט ארויס אקעלישיקיל פון דער קעשענע . דיא טייערער מת מצוה קיין מאהל וועל איך דיר ניט פארגין עליו השלום . אייביג וועל איך דיך האלטין נעבען מיר רוהיג דער

האב איך דעם ליכטיגען גן עדן אויף דער וועלט. ווער טרינקט
לחיים צום לעבען. נאך אטך לחיים קען מיר חלילה זיין צום
טוידט. (מען הערט טריט) הא! ווער געהט דאס דארטען אזויא
שפעהט? אמת? קום אהער איך וועל דיך באגראבען. הא! מיר
דאכט חנה ר' יצחקים טאכטער יא! חנה! וואס טהוסטו דא?

**חנה** קימט אריין אין אוויס קלייד – בלאס – דיא האר צופלאסען טרויריג
קענט איהר מיר ניט ווייזען וויא מיין טאטינס קבר איז?

**גרעבער** אוי אוי נאך וויא אזויא. נאר אומזיסט געהט ניט. ווען ארויס אויף
אטרינק וועל איך דיר באלד זאגען?

**חנה** קיין געלד האב איך ניט נאר דאס איינציגע איז מיר געבליבען פון
מיין גאנץ פארמעגען (וויא וויזט איהם אקליין פינגעריל) דאס קאן איך
איך געבען.

**גרעבער** אקידושין פינגעריל אויך אסחורה איך וועל מקדש זיין דעם שענקער
וועל איך האבען אגוטע חתונה. אט געה איך שוין אונ דוא געה
ארויף אויף דעם בערגיל גלייך מיט דער סטעזשקי געבען טייך דער
בייא שטעהט אמצבה דארט ליגט דיין טאטע ניין איילין אין דער
ערד אונ איין אייל פון מיר ווערט זיין צעהן איילין. נאר גיב אכטינג
זאלסט ניט אריין פאלין אין וואסער (אב).

**חנה** אומגליקליך! אומגליקליך! יעצט בין איך שוין פארפאלין. ניין דאס
קען איך שוין מעהר ניט דערטראגען. וואס איך האב אויס געליטען
פון דיר פראנץ. ליידין. מאנגעל. זידלען. שימפפען, באליידינגען
אלעס האב איך צו גענומען אונ פארטראגען. געשפילט אין קארטען.
אויסגעבראכט דאס גאנצע געלד. געשיכרט. אבער דאס ווארפען זיך
מיט מיר. מיך ארויס טרייבען אונ אריין ברענגען איין אנדערע?
פארביטען מיך אויף איין אנדערע! ניין! דאס קען איך שוין מעהר
ניט אויס האלטען. סאלאמאן! געטרייער סאלאמאן דיר האב איך [illegible]
געזאגט בעסטער פריינד קומט מיר אזוי? פאטער! געטרייער פאטער!



דיך האב איך אויך ניט געוואלט פאלגען אונ האב דיך געטריבען יונג
אין דער ערד. איך האב דיר פאראימערט דיין לעבען אונ דיר
געקירצט דיינע יאהרען. קומט עס מיר טאקי אזוי. פערציייע מיר
ליבער פאטער! איך זעה וויא עס איז מיר ניט באצאהלט געווארין.
איין עק! איך האב שוין דא ניט וואס צו טוען איך דארף געהן
אהיים! – אהיים? וויא האב איך דען אהיים אז איך בין אזויא
עלענד וויא אשטיין. יא דא איז מיין היים. (זינגט)

זיא איז דא דיא היים, וויא הין אלע מענשען קומען.
פון זייער לעבענס רייזע ווען זייא ווערען מיד –.
איך געה אהין פון וואנען איך בין געקומען.
נעהם יועלט פון מיר דאס לעצטע אבשיעדס ליעד –.

(דער הימעל פארוואלקינט זיך מען הערט דינערין אונ בליטצען)

**חנה** (זינגט) אה נאטור, געטרייע מוטער! – ווען דער גלענדער פון יערען
ווערט פערשטויסען אין זכות געביך זיין רוה
דיא איינציגע ביסטו, וואס דוא עמפפאנגסט איהם אין פריידין
אונ אין דיין קאלטען שויס נעהמסטו איהם ווארעם צו –

(עס דינערט שטארקער אונ בליצט — חנה געהט ארויף אויף
אבערגיל, איף וועלכען עס שטעהט אמצבה זיא פאלט אויף דיא
קניע אונ זינגט)

געטרייער פאטער מיינער, צערטליכער אונ ליעבער:
פערטריבען האב איך דיך פון מיר (זיא הייבט זיך אויף)
איהר נרינגע חוואליעס! שיפט מיך גיכער איבער
ווארט, פאטער, ווארט איך קום אויף באלד צו דיר...

(זיא האפט זיך אויף לויפט אוועק צום טייך — לינקס פערוויקעלט מיט איזהארצין מאנטיל קומט אן שלמה ער טראגט איין לאמטערנע אין דער האנד).

שלמה — אדא ראכט זיך דארף זיא זיין — אהער האב איך זיא געזעהן ראבט מיר. לויפען — שלאפען — אניעסענירליך ארט פאר איהר!

חנה — (פון ווייטען) ארמע סאלאמאן! (מען הערט אפליעסק אין וואסער)

שלמה (ערשראקען) וועה איז מיר חנהלע! (ער ווארפט אראפ פון זיך שנעל דיא מאנטיל — שטעלט אנידער דאס לאמטערנדיל אונ לויפט ארויס אין דיא זייט. וויא ער האט דערהערט דאס קול —. לינקס פון דעם שטיעבעל פון דעם קברות. יודען לויפען ארויס — אסך יונגען אין דיא קאפאטים — ווייבער יונגלעך — מיט ליכט אונ לאמטערנעס אין דיא הענד — שטעלען זיך אוים נעבען דעם טייכיל. קוקען אריין — (זינגען).

נעהמט איין אומגליק פון דער העלער הויט

וויא אמענשען איז באשערט דער טויט.

וויא קומט זיא אהער?

(זייא טהאטען מיט דיא פינגער רעכטס)

דער קען זיא ווער ווער?

אוי אוי ארחמנות! זיא איז דערטרינקען געווארין.

(אין דעם מאמענט — פאהרט דורך אין טייבעל אשיפעל — שלמה האלט אויף זיינע הענד דיא דערטרינקענע חנה'ן — קוקט אויף איהר אונ וויינט) —.



קאהר (פון יודען) וואס, זיא איז טויט?

יאה, זיא איז טויט! —

(דאס בילד ווערט בעלייכטעט מיט גרין בענגאליש פייער).

פארהאנג פאלט לאנגזאם

## ענדע

---

# קאטאלאג פון נייע טעאטער ביכער

| | | |
|---|---|---|
| אייבינע ליעד. | ארנשטיין | 12 |
| אוריאל אַקאָסטא. | פֿון לערנער | 25 |
| אחשורוש. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| אידישער פריץ. | פֿון שײַקעוויץ | 20 |
| אַלגעמיינער סטרייק. | פֿון ה. שטיפֿט | 15 |
| אַמעריקאַנער אַרבייטער. | פֿון יעקב סער | 10 |
| אסתר'קע. | פֿון עפּעלבערג | 25 |
| אשה רעה. | | 25 |
| באָבע מיט'ן אייניקעל. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| בית דוד. | | 25 |
| בן הדור. | הורוויץ | 25 |
| בלימעלע. | | 25 |
| בר כוכבא. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| געברידער לורייע | פֿון י. גאָרדאָן | |
| גאָט מענש און טייפעל. | פֿון י. גאָרדאָן | 50 |
| דאָקטאָר אַלמאַסאַדאָ. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| דאָראַ. | פֿון שליפֿענשטיין | 25 |
| דבורה'לע מיוחסת. | י. גאָרדאָן | 20 |
| דוד אין דער וויסטע. | פֿון עפּעלבערג | 20 |
| דוד'ס פידעלע. | | 25 |
| דער קאַמפּף. | פֿון ה. שטיפֿט | 15 |
| הדסה די חלוצה. | | 25 |
| הערצעלע מיוחס. | | 25 |
| ווילדע פרינצעסען. | פֿון י. גאָרדאָ[illegible] | 30 |
| וועבער. | | 30 |
| זשידאָווקא. | פֿון לערנער | 25 |
| חאשע די יתומה. | | 30 |
| חינקע און פינקע. | | 20 |
| יהודית ואַלפֿאָרנוס. | פֿון לערנער | 20 |
| יודען. | פֿון טשיריקאָוו | 35 |
| כישוף מאַכערין (צויבערין). | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| כל נדרי. | | 20 |
| לא תחמד. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| מירעלע אפֿרת. | פֿון י. גאָרדאָן | 30 |
| מישקע און מאָשקא (אָדער די איראָפּייער אין אַמעריקאַ). | | |
| מליץ יושר (רבי יאָגעלמאַן). | | 20 |
| מעדעא. | פֿון גאָרדאָן | [illegible]0 |
| משוגעים הויז. | פֿון ד. פּינסקי | 5 |
| משיח'ס צייטען. | פֿון ש. אש | 25 |
| נאָבען שטו[illegible]. | ג. טשורני | 15 |
| עקדת [illegible] | | 25 |
| עתליהו | | [illegible]5 |
| פאלשו[illegible] (דוד אליראַי) | | [illegible]0 |
| פאַמיליע צבי. | פֿון ד. פּינסקי | 5 |
| צווייט און צו שפרייט. | פֿון שלום עליכם. | [illegible]5 |
| צווייטער המן. | | 25 |
| קאַבצענזאָהן און הונגערמאַן. | גאָלדפֿאַדען | [illegible]0 |
| קוני לעמל. | | 20 |
| קאָקעטקע דאמע. | שײַקעוויץ. | |
| רעפעטיציע קאָמעדיע אין צוויי אַקטען. | | |
| [illegible] | פֿון א. רייזי[illegible] | |
| שולמית | פֿון גאָלדפֿאַד[illegible] | |
| שוועסטער. | פֿון י. ל. פּ[illegible] | |
| שלום בית. | | |
| שלמה גאָרגל. | | |
| שמענדריק. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 10 |
| שפאַנישע אינקוויזיציע. | | [illegible]0 |
| שפרינצע די מעקלערען. | | [illegible]0 |

צו בעקומען אין בוכהאַנדלונג:

**Я. Лидскій, Варшава, Налевки 36.**

2.